# פּאַרלאַמענטאַרישע רולס

ווי צו פיהרען מיטינגען פון יוניאָנס, לאָדזשען און אַנדערע פעראיינען.



בעאַרבייטעט נאך דיא בעסטע ביכער מכח פּאַרלאַמענטאַריזמוס.

העראויסגעגעבען פון דיא „ארבייטער צייטונג".

פרייז 10 סענט.





NEW YORK.
ARBEITER ZEITUNG Union Printing,
81 Ludlow Street.
1891

# פאַרלאַמענטאַרישע רולס

וויא צו פיהרען מיטינגען פון יוניאָנס, לאָדזשען
און אַנדערע פעראיינען.



בעאַרבייטעט נאך דיא בעסטע ביכער
מכח פאַרלאַמענטאַריזמוס.

הערויסגעגעבען פון דיא „ארבייטער צייטונג".

פרייז 10 סענט.





NEW YORK.
ARBEITER ZEITUNG Union Printing,
81 Ludlow Street.
1891

# פאָררעדע.

אין קיין לאַנד פון דיא גאַנצע וועלט זיינען פער־איינען ניט אַזוי וויט פערברייטעט וויא אין דיא פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ. עס איז שווער צו געפינען אַ׳ן אַמעריקאַנער אָדער דייטש, וואָס געהערט נים צו אירגענד וועלכע יוניאָן, לאָדזש, אָדער קלוב א. ז. וו. אויך דיא אידען האָבען שוין זייט יאָהרען פיעלע לאָדזשעס, אונטערשטיצונגס־פעראיינען, און אין דיא לעצטע צייטען זיינען ענט־שטאַנדען אַ סך ארבייטער־יוניאָנס. דיזע אָרגאַני־זאַציאָנען זיינען אין אונזער צייט געוואָרן אַ נויט־ווענדיגקייט. עס זיינען דאָ טויזענדע זאַכען, וואָס זיינען נויטווענדיג פאַרן מענשען און וועלכע ער קען אליין, מיט זיינע אייגענע קרעפטען, ניט עררייכען. דיא פערהעלטניסע צווינגען איהם זיך צו פעראייני־גען מיט אַנדערע, וואָס זיינען אין דיא זעלבע לאַגע

וויא ער, אום מיט געמיינשאפטליכע קרעפטע צו
עררייכען זייער געמיינשאפטליכען צוועק.

דיא ארבייטער-יוניאָנס, דיא פערשידענע קראנ-
קען קאסען, אונטערשטיצונגס-פעראיינען, חברות
א. ז. וו.—אלע דיזע פעראיינען שפיעלן יעצט זעהר א
גרויסע ראָלע אין אונזער גיזעלשאפטליכען לעבען;
און אין פערשידענע פערזאמלונגען פארבריינגען מיר
א בעדייטענדען טהייל פון אונזער פרייע צייט.

דיא רעגעלן וויא זיך צו פיהרען אויף אסיפות
און פערזאמלונגען, אָדער פארלאמענטארישע רעגעלן,
זיינען דארום פון דיא גרעסטע וויכטיגקייט פאר יע-
דען איינעם און בעזאָנדערס פאר רוסיש פוילישע
אידען, וואס האָבען אין זייער היימאט כמעט גאָר
ניט גיהערט דערפון.

פארלאמענטארישע רעגעלן זיינען ניט נאָר נויט-
ווענדיג צו פערהיטען אונאָרדנונגען און אונאנגינעה-
מע שטערונגען און צאנקערייען אויף פערזאמלונגען,
זאָנדערן זיי פערשפאָרן אויך זעהר פיעל צייט ביי דיא
דעבאטען.

דער פארלאמענטאריזמוס בעשטייט ניט פון

פוסטע חקירות און סברות; ער איז אויסגעארבייט געוואָרן אין פערשידענע געזעצגעבענדע קערפּער־שאַפטען אין פערלויף פון הונדערטע פון יאָהרען, און אלע זיינע בעשטימונגען זיינען געבויט אויף ער־פאהרונג און אויך אויף פערנונפט.

דער הויפּט צוועק פון פּארלאַמענטארישע רע־געלן איז צו פערזיכערן יעדען מעמבער דאָס גלייכע רעכט אין דיא אָרגאניזאציאָן; צו געבען יעדען מיט־גליעד דיא מעגליכקייט אויסצושפּרעכען זיין מיינונג; אָבער אין דער זעלבער צייט אויך צו שיצען דיא גאנצע פערזאמלונג געגען אונניצינע צייט־פער־שווענדונג, געגען עקשנות אין נארישע פאָרשלעגע פון מעמבערס.

אלע ענגלישע און דייטשע פעראיינען פיהרען זיך דארום אימער שטרענג נאָך פּארלאמענטארישע רעגעל; און מיט דיזען ביכעל מאכען מיר יעצט אויך דיא ערשטע פּראָבע איינצופירען דעם פּארלאמענ־טאריזמוס אין אידישע אָרגאניזאציאָנען.

וויא נייטיג און ניצליך אזא ביכעל איז פאר אידישע פעראיינען, פארשטייט יעדערער וואָס

האָט בייגעוואָהנט אַמעריקאַנער, דייטשע און אידישע מיטינגען. מיר האָפען דאָרום, אַז דאָס קליינע ווערק וועט פריינדליך אויפגענומען ווערן פון פובליקום.



## *I*. פערזאמלונגען.

§ 1. עס גיבט צוויי כאָרטען געשעפטס־
פערזאַמלונגען : רעגעלע אין ספע־
ציעלע. פערזאַמלונגען, וועלכע פינדען
שטאַט אין אַ בעשטימטע רעגעלמעסיגע
צייט, צום ביישפיעל : יעדע וואָך, יעדע
צוויי וואָכען, אָדער יעדען מאָנאַט, רופט
מען רעגעלע. פערזאַמלונגען, וואָס ווערן
איינבערופען אין אַ צייט, ווען געוויינליך
האַלט מען ניט פערזאַמלונגען, רופט מען
ספעציעלע.

§ 2. אַ פערזאַמלונג איז נור דאַן געזעצ־
ליך, ווען אַלע גוטשטעהענדע מיטגלידער
זיינען בענאַכריכטעט וועגען איהר און ווען
אַ געוויסע, פאָראויס בעשטימטע צאָהל פון

דיזע מיטגלידער, ד. ה. קוואָרום, איז אַנוועזענד.

§ 3. גלייך נאָך דיא וואַהל פון אַ פאָר-זיצענדען (אין פאַל, ווען דיא אָרגאַניזאַ-ציאָן האָט ניט קיין שטענדיגען פרעזידענט), מוז ווערען פאָרגעלעזען דיא טאַגעס-אָרדנונג. נאָכדעם וויא דיזע טאגעס-אָרדנונג ווערט פון דער פערזאַמלונג דיסקוטירט און אָנגענומען, קענען קיינע ענדערונגען אין איהר ניט גע-מאַכט ווערען, און דיא פערזאמלונג מוז פער-האַנדלען אַלע איהרע געשעפטען אין דיזעל-בע רייהע, אין וועלכע זיי זיינען אויסגע-שטעלט אין דער טאַגעס-אָרדנונג.

§ 4. נאָכדעם וויא דיא טאַגעס-אָרדנונג איז אָנגענומען, מוז דער פראָטאָקאָלירענדער סעקרעטער פאָרלעזען דעם פראָטאָקאָל פון דיא לעצטע פערזאַמלונג. דיזער פראָטאָקאָל ווערט אָנגענומען פון דער פערזאַמלונג נור

דאַן, ווען ער ענטהאַלט אין זיך אַלע בע־
שליסע און בעשטימונגען פון דיא לעצטע
פערזאַמלונג. נאכדעם, וויא דיזער פראָטאָקאָל
ווערט גוט געהייסען און אָנגענומען, ווערט
ער אַנערקענט אַלס אָפיציעלער דאָקומענט,
און אַלע בעשליסע און בעשטימונגען פון
דיא לעצטע פערזאַמלונג קריגען איין אפי־
ציעלע און געזעצליכע קראַפט.

## *II*. דעבאַטען.

§ 1. אַ דעבאַטע הייסט פערשיעדענע
אויסגעשפּראָכענע מיינונגען וועגען אַ געווי־
סען אַנטראַג אָדער וועגען אַ געוויסע פראַגע.

§ 2. אַ דעבאַטע ווערט צוגעלאָזען נור
וועגען אַ בעשטימטען אַנטראַג, אָדער וועגען
אַ בעשטימטע פראַגע

§ 3. קיינע פערזענליכקייטען ווערען
ניט ערלויבט אין דיא צייט פון אַ דעבאַטע.
יעדער רעדנער מוז שפּרעכען ניט וועגען

פערזאָנען, זאָנדערן וועגען זייערע מיינונגען. איין אויסנאַהמע ווערט נור ערלויבט, ווען אַ געוויסע פערזאָן זעלבסט איז דער געגענ־שטאַנד פון אַ דעבאַטע.

## *III.* רעדנער־ליסטע און רעדע־צייט.

§ 1. דיא מעמבערס, וואָס ווילען האָבען דאָס וואָרט אין אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט, מוזען זיך מעלדען צום פאָרזיצענדען, וועלכער פערשרייבט זיי נאָך דער רייהע נאָך אויף דיא רעדנער־ליסטע.

§ 2. דיא אָרדנונג פון דיא רעדנער קען ניט ווערען פערענדערט ניט פון פאָרזי־צענדען, ניט פון דיא פערזאַמלונג.

§ 3. ווען דיא פערזאַמלונג דיינקט, אַז זיא איז שוין קלאָר אין דיא אַנגעלעגענ־הייט, וואָס ווערט בעשפּראָכען, אָבער וויל ניט אַוועקנעמען ביי דיא מיטגלידער, וואָס זיינען שוין פערשריבען, דיא געלעגענהייט

אויסצוריידען זייער מיינונג, קען זיא בע־
שליסען: ש ל ו ס ד ע ר ר ע ד נ ע ר ל י ס־
ט ע, ד. ה. דאַן קען זיך שוין קיינער ניט
מעהר מעלדען צום וואָרט וועגען דיזע
פראַגע.

§ 4. ווען דיא פערזאַמלונג האָט ווע־
ניג צייט פאַר אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט,
קען זיא בעשטימען אַ געוויסע צייט פאַר יעדען
רעדנער, ד. ה. ב ע ש ר ע נ ק ע ן ד י א
ר ע ד ע ־ צ י י ט.

§ 5. אַן אַנטראַג אויף שלוס דער רעד־
נער־ליסטע אָדער בעשרענקונג דער רעדע־
צייט מוז ווערען אָבגעשטימט אָהן דעבאַטען.

## IV. אַ נ ט ר ע ג ע (*Motions*).

§ 1. יעדער גוטשטעהענדער מעמבער
האָט דאָס רעכט צו שטעלען אַן אנטראַג
אָדער צו אונטערשטיצען דעם אַנטראג פון
אַנדערע.

§ 2. איין אַנטראַג קען נאָר ווערן אָפּגע־שטימט, ווען ער ווערט אונטערשטיצט פון איין אַנדער מעמבער.

§ 3. דיא פערזאַמלונג מוז יעדעס מאָל נאָר פאָרנעמען איין הויפּט־אַנטראַג מיט דיא צוזעצונגען אָדער אַמענדעמענטס, וואָס געהערן צו דיזען אַנטראַג; אַללע אַנטרעגע, וואָס געהערן ניט צו דיא פראַגע, מוז זיא צוריקווייזען.

§ 4. איבּער איין אַנטראַג קען מען נאָר דעבאַטירען, ווען דער פּאָרזיצענדער לייגט איהם פאָר פאַר דיא פערזאַמלונג מיט דיא פראַגע: „זייט איהר פאַרטיג פאַר'ן אַנ־טראג ?"

§ 5. ווען אַ מעמבּער איז ניט קלאָר איבּער אַ געוויסען אַנטראַג און בּעט, מען זאָל דיזען אַנטראַג נאָך איין מאָל פאָרלעזען

אָדער וויעדערהאָלען, זאָ מוז דיזע פאָרדערונג ערפילט ווערן.

§ 6. ווען אַ מעמבער מיינט, אַז אַ גע־וויסער אַנטראַג איז געגען דיא קאָנסטיטו־ציאָן אָדער געזעצע פון פעראיין, דאַן האָט ער דאָס רעכט צו פראָטעסטירען געגען איהם אין אַ'ן אָרדנונגסרוף (פּאָינט אָף אָר־דער). דער פאָרזיצענדער מוז אין אַזאַ פאַל ענטשיידען, אויב דער אַנטראַג דאַרף ווערן צוגעלאָזען אָדער ניט, און ווען אירגענד וועלכער מעמבער איז ניט צופרידען מיט זיין ענטשיידונג, קען ער אַפּעלירען אָן דיא פערזאַמלונג, ד. ה. לאָזען אָפּשטימען, אויב דער פאָרזיצענדער האָט רעכט אָדער ניט.

§ 7. ווען איין אַנטראַג איז איין מאָל דורכגעפאַלען, קען מען איהם נאָר דאַן שטע־לען צום צווייטען מאָל, ווען דיא פערזאַמ־לונג ציהט איהר פריהערדיגען בעשלוס אין

ווידער־ערוועגונג, ד. ה. ווען דיא מאַיאָרי־
טעט שטימט געגען דעם פריהערדיגען בע־
שלוס.

## V. אַמענדעמענטס.

§ 1. ווען אַ מעמבער שלאָגט פאָר אומצוזענדערן אַ געוויסען אַנטראַג, ד. ה. ווען ער לייגט צו צו דיזען אַנטראַג עטוואס נייעס, אָדער ער שטרייכט אויס עטוואָס אַל־טעס, דאַן הייסט עס, אַז ער מאַכט איין אַמענדעמענט צו דיזען אַנטראַג.

§ 2. ווערט איין אַמענדעמענט פאָר־געשלאָגען און אונטערשטיצט, דאַן מוז ער ווערן אָבגעשטימט פריהער פאַר דעם הויפט־אַנטראַג.

§ 3. שלאָגט אַ מעמבער פאָר איר־גענד וועלכע פערענדערונג צו דעם אַמענ־דעמענט אַליין, דאַן הייסט עס, אַז ער מאַכט

איין אַ מ ע נ ד ע מ ע נ ט צ ו ם אַ מ ע נ־
ד ע מ ע נ ט.

§ 4. איין אַמענדעמענט צום אַמענדע־
מענט מוז צוערסט ווערן אָפּגעשטימט; פאַלט ער דורך, דאַן נעמט מען פאָר דעם ערשטען אַמענדעמענט, און ווען דער ער־שטער אַמענדעמענט פאלט אויך דורך, דאַן נעמט מען פאָר דעם הויפּט־אַנטראַג. ווערט דער אַמענדעמענט צום אַמענדעמענט אָנגענו־מען, דאַן הייסט עס, אַז דער אַמענדעמענט איז דורכגעפאַלען און מען גייט איבער צום הויפּט־אנטראַג.

§ 5. איין אַמענדעמענט מוז ווערן צו־
געלאָזען, אפילו ווען ער פערענדערט דעם גאַנצען זין פון דעם אַנטראַג, צו וועלכען ער ווערט געמאַכט.

§ 6. ווען דיא אַנטרעגע און אַבענדע־
מענטס ווערן מאַנכעסמאָל שטאַרק צומישט

אין פארפלאָנטערט אין פערלויף פון דיא דעבאַטען, אַזוי אַז דיא מיטגלידער ווייסען אַליין ניט קלאָר, וועגען וואָס מען רעט, דאַן האָט יעדערער דאָס רעכט צו שטעלען אַ ניי־עם אַנטראַג אנשטאָט אַלע אַלטע אַנטרעגע און אַמענדעמענטס. דאָס רופט מען: מ אַ כ ע ן א ס ו ב ס ט י ט ו ט (ערזאַץ־אַנטראג).

§ 7. ווען איין אמענדעמענט אָדער סובסטיטוט פאלען דורך, קען מען זיי נאָר דאן שטעלען צום צווייטען מאָל, ווען דיא פערזאמלונג ציהט איהרע פריהערינע בע־שליסע אין ווידער־ערוועגונג.

## VI. טהיילונג פון אַנטרעגע.

§ 1. ווען איין אנטראג בעשטייט פון מעהרערע פונקטען, קען מען איהם אזוי טהיילען, אז יעדער פונקט זאָל בילדען א בעזאנדערן אנטראג.

§ 2. אין אזא פאַל מוז יעדער פונקט

בעהאנדעלט ווערן בעזונדער און מען קען ניט פאָרנעמען דעם צווייטען פונקט, ביז דער ערשטער איז ניט געענדיגט.

§ 3. אַמענדעמענטס און סובסטיטוטס קענען ניט ווערן געטהיילט.

## VII. שלוס דער דעבּאַטע.

## (*Call for the Question*).

§ 1. ווען א מיטגליעד מיינט, אז מען האָט שוין גערעט גענוג איבער א געוויכטע פראגע, און אז דיזע פראגע איז שוין קלאָר פאר דיא גאנצע פערזאמלונג, קען ער שטע־לען איין אנטראג אויף שלוס דער דע־באטע.

§ 2. דיזער אנטראג אויף שלוס דער דעבּאטע קען נאָר ווערן אָבּגעשטימט, ווען א צווייטער מיטגליעד אונטערשטיצט איהם. קיינע דעבּאטען זיינען דערבּיי ניט צוגע־לאָזען.

§ 3. ווען דיא מאַיאָריטעט שטימט פאר שלום דער דעבאַטען, קען קיינער ניט מעהר האָבען דאָס וואָרט אין דיא פראַגע, ווענען וועלכע דיא דעבאטען זיינען געשלאָסען געוואָרן.

§ 4. איין אַנטראג אויף שלום דער דעבאַטען קען ניט געשטעלט ווערן אין דער צייט, ווען אימעצער האַלט אין ריידען.

## VIII. איבערווייזונגס-אַנטרעגע.

## (*Commitments*).

§ 1. זעהר אָפט איז עס אונבעקוועם צו פערהאַנדלען אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט גלייך אויפ'ן אָרט. צום ביישפיעל: אַ קלאַגע, וועלכע מען דאַרף פריהער אונטערזוכען, אָדער אַ פלאַן, וועלכען מען דאַרף גענוי אויסרעכענען, אָדער אירנענד וועלכע אַנדערע אַרבייט, וואָס וואָלט צונעמען צו פיעל צייט

בײַ דיא גאַנצע פערזאַמלונג א. ז. וו.; אין
אַזאַ פאַל וועהלט דיא פערזאַמלונג אַ קאָ-
מיטע, וואָס האָט זיך צו בעשעפטיגען מיט
דיזע פראַגע.

§ 2. דיא אַנגעלעגענהייט, וועלכע איז
איבערגעגעבען געוואָרן דעם קאָמיטע, קען
ניט פריהער ווערן פערהאַנדעלט, ביז דאָס
קאָמיטע האָט אָבגעגעבען זיין בעריכט דע-
ריבער.

## *IX*. אַוועקלייגען אויפ'ן טיש.

## (*Put on the table*).

§ 1. ווען דיא פערזאַמלונג וויל זיך ניט
בעשעפטיגען מיט אַ געוויסע פראַגע און
וויל איהר אויך ניט אין גאַנצען אַוועקמאַ-
כען אונטערן האַנד, „לייגט זיא איהר אַוועק
אויפ'ן טיש", ד. ה. זיא לייגט איהר אָפּ
אויף איין אונבעשטימטע צייט.

§ 2. ווען מען מאַכט איין אַנטראַג אַוועקצולייגען אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט אויף'ן טיש, און דיזער אַנטראַג ווערט אונ־טערשטיצט, מוז מען איהם גלייך אָפּשטימען אָהנע דעבאַטען אָדער אַמענדעמענטס.

§ 3. אויף'ן טיש קען מען ניט אַוועק־לייגען :

1) דעם אַנטראַג וואָס מען מאכט, אום עטוואָס אויף'ן טיש אַוועקצולייגען ;

2) איין אַנטראַג אויף שלום דער דע־באטען אָדער שלום דער רעדנער־ליסטע; און

3) איין אַנטראַג אויף פערטאַגונג (אָפּ־לייגען דיא פערזאַמלונג).

§ 4. ווען אַ געוויסער אַנטראַג ווערט אַוועקגעלייגט אויף'ן טיש, קען מען שוין ניט ריידען וועגען דיזען אַנטראַג אויף דיא זעלבע פערזאַמלונג.

## X. פ ע ר ט אַ ג ו נ ג.

**(*Adjourn the meeting*).**

§ 1. איין אַנטראַג אויף פ ע ר ט אַ ג ו נ ג, ד. ה. שלוס דער פערזאַמלונג, ווערט אָבּ־געשטימט אָהנע דעבּאַטען זאָבּאַלד נאָר איין מיטגליד אונטערשטיצט דעם אַנטראַג.

§ 2. צוזאַמען מיט דעם אַנטראַג אויף פערטאַגונג מוז מען מאַכען אַ פּאָרשלאַג, ווען דיא נעכסטע פערזאַמלונג זאָל איינבּערו־פען ווערן, אויבּ דאָס איז נאָך ניט פריהער בּעשטימט: בּיי דיזען פּאָרשלאַג ווערן שוין צוגעלאָזען אי דעבּאַטען, אי אַמענדעמענטס.

§ 3. ווען איין אַנטראַג אויף פערטאַגונג ווערט ניט אָנגענומען, קען ער ווערן גע־שטעלט אַ צווייטען מאָל נאָר דאַן, ווען מען ווערט פארטיג מיט דיא פראַגע, וואָס מען האָט גענאט צו בּעשפּרעכען.

## XI. אבשטימונג.

§ 1. ווען אַ פראַגע איז שוין דייטליך פאַר אַלע אַנוועזענדע, מוז דער פאָרזיצענדער איהם לאָזען אָבשטימען.

(אָבשטימען קען מען יעדע פראַגע אויף פערשידענע אַרטען. דיא איינפאַכסטע אַרט איז דיא אַבשטימונג דורך אויסרופען פון „יאַ" און „ניין". ווען דיא אַנטוואָרטען „יאַ" און „ניין" זיינען אונגעפעהר גלייך, לאָזט מען אויפהייבען דיא הענט און מען ציילט זיי. אין בעזאָנדערס וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען לעזט דער סעקרעטער פאָר דיא נעמען פון אַלע מיטגלידער, און יעדער ענטפערט בעזונדער „יאַ" אָדער „ניין". ביי געהיימע אָבשטימונגען געברויכט מען שטימצעטלען).

§ 2. איבער דיא אַרט פון אבשטימונג קען מען יעדעס מאָל דעבאַטירען, אָבער זאָבאַלד מען גייט שוין איבער צור אַבשטי-

מונג האָט שוין קיינער ניט מעהר דאָס וואָרט.

§ 3. ווען דיא צאָהל פון דיא מעמבערס, וואָס זיינען פאַר אַ געוויסען פאָרשלאַג, איז גראַדע אַזוי גרויס וויא דיא צאָהל פון דיא מעמבערס, וואָס זיינען געגען דיזען פאָרשלאַג, דאַן ענטשיידעט דער פּאָרזיצענדער דורך זיין שטימע.

§ 4. מעמבערס, וואָס קומען ניט צו אַ געוויסע פערזאַמלונג, פון וועלכע זיי זיינען פריהער ריכטיג בענאַכריכטיגט געוואָרן, פער־לירען אַלע זייערע רעכטע אויף דיזע פער־זאַמלונג און קענען שפּעטער ניט פּראָטעס־טירען געגען דיא געזעצליכע בעשליסע פון דיזע פערזאַמלונג.

§ 5. יעדער בעשלוס קען ווערן ער־קלערט פאַר איין איינשטימיגען, ווען דיא מינאָריטעט, וואָס האָט געשטימט געגען

איהם, איז דערנאָך דערמיט איינפער־
שטאַנדען.

§ 6. ווען אַ מעמבער איז אָנגעגריפען
געוואָרען אין פערלויף פון דיא דעבאַטען,
קען ער נאָך דיא אָבשטימונג בעטען דאָס
וואָרט „צו פּערזענליכע בעמערקונג".

## XII. ווידער־ערוועגונג.
## (*Reconsideration*).

§ 1. ווען דיא פערזאַמלונג איז, אויס
אירגענד וועלכע אורזאַכען ניט צופרידען מיט
אַ בעשלוס, וואָס האָט פריהער אָנגענומען,
קען זיא דיזען בעשלוס איבערמאַכען, ד. ה.
אין ווידער־ערוועגונג ציהען.

§ 2. אַ בעשלוס קען געצויגען ווערען
אין ווידער־ערוועגונג אין דיזעלביגע פערזאַמ־
לונג, אין וועלכע ער איז אָנגענומען געוואָרן.
אָבער צווישען דעם בעשלוס און דיא ווידער־

ערוועגונג מוז יעדעס מאָל וויינינגסטענס איין נייע פֿראַגע פעדהאַנדעלט ווערען.

§ 3. אַזוי לאַנג וויא אַ בעשלוס איז ניט אין ווידער־ערוועגונג געצויגען געוואָרען, קען מען קיינע פאָרשלעגע געגען איהם ניט מאַכען.

## XIII. דער פאָרזיצענדער.

§ דיא פליכט פון אַ פאָרזיצענדען אָדער פון אַ פרעזידענט איז אויפצופאַסען אַז קיינער זאָל ניט שטערען דיא אָרדנונג און רוהע פון דיא פער אַמלונג, און צו בעשיצען דיא נאַטירליכע רעכטע פון אַלע מיטגלידער.

§ 2. דער פאָרזיצענדער עפענט אָפּיציעל דיא פערזאַמלונג און שליסט איהר. ער פיהרט אָן דיא דעבאַטען און ערטיילט דאָס וואָרט דיא מיטגלידער; ברייננגט פאָר דיא פערשיעדענע אנטרעגע און אַמענדעמענטס און לאָזט זיי אָבשטימען.

§ 3. דיא פפליכט פון פאָרזיצענדען איז

צו אַכטען, אז דיא רעדנער זאָלען שפּרעכען צו דער זאַך און ניט אָפּווייכען פון דער פראַגע; אויך מוז ער נאָכזעהען, אַז דיא רעד־נער זאָלען זיך ניט ערלויבען קיינע פּערזענ־ליכקייטען און קיינע בעליידיגונגען.

§ 4. ווען א רעדנער ווייכט אָפּ פון דיא פראַגע, וועלכע ליגט פאָר דער פערזאַמלונג, אָדער ער טהוט זאָנסט עטוואָס געגען דיא אַלגעמיינע רעגעלן פון פּאַרלאַמענטאַריזמוס אָדער געגען דיא ספּעציעלע רעגעלן פון פעראיין, דאַן איז דיא פּפליכט פון פּאָרזי־צענדען איהם צור אָרדנונג צו רופען. ווען דער רעדנער פאָלגט ניט דיזען אָרדנונגס־רוף, דאַן האָט דער פּאָרזיצענדער דאָס רעכט אַוועקצונעהמען ביי איהם דאָס וואָרט.

§ 5. דער פּאָרזיצענדער האָט צו בע־אַנטוואָרטען און צו ענטשיידען אַלע אויס־קונפט פראַגען און אַלע שטרייט־פראַגען ווע־

גען געוויסע בעשליסע אָדער געזעטצען פון דער אָרגאַניזאַציאָן. אויב . אַ מיטגליד איז ניט איינפערשטאַנדען מיט דיא אַנטוואָרט, אָדער מיט דיא ענטשיידונג פון דעם פּאָרזי־צענדען, דאַן קען ער אַפּעלירען צו דער פערזאַמלונג, וועלכע ענטשיידעט פיר אָדער געגען דעם פּאָרזיצענדען.

§ 6. דער פּאָרזיצענדער ווערט בע־טראַכטעט אַלס דער אָפּיציעלער פערטרעטער פון דיא פערזאַמלונג, אויף וועלכע ער איז ערוועהלט, און מוז דאַרום ענטגעגעננהמען אַלע קאָמיטעס, קאָרעספּאָנדענצען, בעריכ־טען א. ז. וו.; אויך אונטערצייכענט ער אַלע בּילס און צאהלונגס־אָנווייזונגען.

§ 7. דער פּאָרזיצענדער האָט קיין וואָרט ניט אין דיא צייט פון אַ דעבּאַטע און קען אויך זעלבסט ניט מאַכען קיינע אַנטרעגע. ווען ער וויל אָבּער דאָך אויסשפּרעכען זיין

מיינונג אין אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט אָדער שטעלען אַן אַנטראַג, דאַן מוז ער אָפּטרע־טען זיין פּלאַץ דעם צווייטען פּאָרזיצענדען, דעם וויים־פּרעזידענט, אָדער דעם סעקרע־טער פיר דיא צייט וואָס ער שפּרעכט.

## XIV. צווייטער פּאָרזיצענדער.

§ 1. דער צווייטער פּאָרזיצענדער אָדער דער וויים־פּרעזידענט האָט דיא פּפליכט פון פּאָרזיצענדען, ווען דיזער איז אַבוועזענד אָדער פערנומען, אויך דאַן, ווען אַ מיטגליד אַפּעלירט געגען היא ענטשיידונג פון ערשטען פּאָרזיצענדען.

## XV. פּראַטאַקאַלירענדער סעקרעטער.

§ 1. דער פּראָטאָקאָלירענדער סעקרע־טער האָט פאָלגענדע אויפגאַבען :

1) צו פיהרען אַ פּראָטאָקאָל פון אַלע פערהאַנדלונגען און בעשליסע פון פעראיין,

און דיזען פּראָטאָקאָל פּאָרצולעזען ביין אָנפאַנג פון דיא נעכסטע פערזאַמלונג.

2) צו בעהאַלטען אַלע בריפע, דע־פּעשען און זאָנסטיגע דאָקומענטען פון דיא אָרגאַניזאַציאָן. און

3) אין דיא אָרגאַניזאַציאָנען, וואו עס איז ניטאָ קיין פּרעזידענט, צו ערעפענען דיא פערזאַמלונג און פּאָרצונעהמען דיא וואַהל פון אַ פּאָרזיצענדען.

### קארעספּאנדירענדער סעקרעטער. *XVI*

§ 1. דער קאָרעספּאָנדירענדער סעקרע־טער האָט צו בעענטפערן אַלע בריפע פון פעראיין און איבערהויפּט צו פיהרען אַלע זיינע קאָרעספּאָנדענצען.

§ 2. אַ קאָרעספּאָנדירענדער סעקרעטער ווערט נאָר ערוויילט אין זעהר גרויסע אָר־גאַניזאַציאָנע, אָדער אין אַזעלכע, וואָס האָ־

בען פיעל בריעף צו שרייבען ; אָבער אין קלענערע אָרגאַניזאַציאָנען ערפילט דיזע פפליכט דער פראָטאָקאָלירענדער סעקרע-טער.

## XVII. פינאַנץ־סעקרעטער.

§ 1. דער פינאַנץ-סעקרעטער האָט צו עםפפאַנגען דיא בייטרעגע (דיום) פון דיא מיטגלידער און אַלע זאָנסטינגע איינגאַהמען, און זיי אָבצוגעבען צום קאַסירער (טרעזשו-רער).

§ 2. ער האָט צו פיהרען אַ גענויען רעכנונג פון אַלע איינגאַהמען און אויסגאַבען און, אין בעשטימטע צייטען, אָפּצוגעבען בעריכטען איבער דעם שטאַנד פון דיא קאַסע, און איבער דיא צאהל פון גוטשטע-הענדע און ניט גוטשטעהענדע מיטגלידער.

### XVIII. דער קאסירער (טרעזשורער).

§ 1. דער טרעזשורער פערוואַלטעט אַלע געלדער און זאַנסטיגע ווערטה־זאַכען פון דיא אָרגאַניזאַציאָן.

§ 2. ער מוז אויך פירהען אַ בוך פון זיינע אייננאַהמען און אויסגאַבען און זעהן, אז זיין בוך זאָל שטימען מיט דעם בוך פון פינאַנץ־סעקרעטער.

### XIX. טראַסטים (פערטרויאונגס־מענער).

§ 1. פילע אָרגאַניזאַציאָנען ווייל טראָסטים, אָדער פערטרויאונגס־מענער, וועלכע האָבען אָבצוליפערן דאָס געלד אין באַנק, ווען נייטיג, אָפּצונעהמען געלד פון באַנק, און אויך צו קאָנטראָלירען דיא בעאַמטע.

### XX. סטהיר־שטעהער.
(*Sergeant at arms*).

§ 1. דיא פפליכט פון אַ סטהיר־שטעהער

איז נאָכצווזעהן דיא מיטגלידסקאַרטען פון דיא אַנוועזענדע און מיטצוטהיילען דעם פּאָרזיצענדען, ווען עס קומט אַ קאָמיטע פון אַ'ן אַנדער פעראיין.




אַלער האנד דרוק אַרבייט ווערט געמאַכט, גוט, שנעל און בילינ אין דער דרוקעריי פון דער „אַרבייטער צייטונג", 81 לודלאָו סט. ניו־יאָרק.